פּעטראָ פּאַנטש

# דער קלײנער פּאַרטיזאַן

ייִדיש — פּײַוול סיטאָ

קינדער־פֿאַרלאַג
1934

די ביבליאָגראַפישע באַשרייבונג פון דערדאָזיקער
אויסגאַבע איז אָפּגעדרוקט אינעם „צײַטשריפט פון
דער אוקראַינישער דרוק-פּראָדוקציע”, אינעם
„קאַרטן-רעפּערטואַר” און אין אַנדערע אָנווײַזערס
פון דער אוקראַינישער ביכער-פּאַלאַטע.


רעדאקטער — או. גרינזײַד
צייכענונגען פון — ד. שאוויקן
טעכאָנפירער — . שישקאָ
קאָרעקטער — ל. הילער



ווענ וואסילקע האָט דאס ערשטע מאָל דערזענ די רויטע, איז ער סאַכאַקל אַלט געווענ זעקס יאָר. די רויטע זיינענ דורכגעגאַנגענ דאָס דאָרפ אונ פונ ערגעצ האבנ זיך געיאָגט נאָך זיי די ווײַסע. אָט דעמאָלט טאַקע האָט זײַנ פאָטער זיך דורכגעשמועסט וועגנ עפּעס מיט א כאַווער, וועלכער האָט געטראָגנ א קליינ שטערנדל אפנ היטל, דערנאָך האט ער א קוש געטאָנ וואסילקעס מאַמע אינ שטערנ אונ אימ, וואַסילקענ, א גלעט געטאָנ איבערנ קאָפּ, א שפּרונג געטאָנ אפנ וואָגנ אונ אוועק־געפאָרנ.

וואַסילקע האָט ניט פאַרשטאַנענ, פארוואָס וויינט די מאַמע: דער טאַטע האָט זיך דאָך מיסטאַמע אוועקגעזעצט אַפנ וואָגנ גלאַט אַזוי, אפ זיך ערגעצ דורכפאָרנ. וואַסילקע האָט זיך אויך אָנגעטשעפּעט פונהינטנ אפנ עק פונ איינעמ א וואָגנ. נאָך דעמ וואָגנ איז מיט אנ ארויסגעשטעקטנ ראָזעווג צונג נאָכגעלאָפנ אויך זײַנ געל היטל שאַריק. כאָטש וואַסילקע האט זיך וועגנ דעמ ניט צונויפגערעדט מיט שאַריקנ, דאָך האט ער באשטימט פאָרנ אזוי לאַנג, ביז דאָס דאָרפ וועט ניט פאַרשווינדנ ווערנ פונ זײַנע אויגנ. געזעסנ איז ער אפ א ברעט, וואָס האט ארויסגעסטאָרטשעט פונעמ וואָגנ. פונעמ וועג האט זיך געהויבנ א געדיכטער שטויב, אונ וואַסילקענ האט זיך אויסגעדאַכט, אז קיינער זעט אימ ניט. אָבער אַפנ וויהאָנ, הינטערנ דאָרפ האט א פרעמדער פעטער מיט א קליינ שטערנדל אפנ היטל זיך אומגעקוקט צומ עק וואָגנ אונ א געשריי געטאָנ:

— אנו, קליינער, פ׳י צוריק!

דערהערנדיק דאָס קאָל, האָט זיך וואַסילקע נאָך שטאַרקער צוגעדריקט

צום וואָגן און פאַרזשמורעט די אויגן, מייַנענדיק, אַז מיט פאַרמאַכטע אויגן וועט אים שוין אוואַדע קיינער ניט באַמערקן.

— קער זיך אום, קער זיך אום! — האָט דער פעטער געפּאָדערט, — וואָרום באַלד וועלן אַרייַן די וויַיסע אין דאָרף, קאָנען זיי נאָך באַליידיקן דייַן מוטער! — און ער האָט אַרופגעלייגט אַ האַנט אַף וואַסילקעס קאָפּ.

וואַסילקע האָט זיך נאָך מער צונויפגעדריקט און געשוויגן.

— וועמענס איז עס אָט דער שרעקלעכער הונט, דייַנער? — האָט געפרעגט דער פעטער און מיט פעסטע פינגער אויסגעקערעוועט וואַסילקעס קאָפּ צו שאַריקן.

— מייַנער — האָט וואַסילקע מיט צוטרוי אָפּגעענטפערט — ער איז ניט אַזאַ שרעקלעכער, ווי איר מיינט. דאָס איז בײַ אים נאָר דער ווײדל אין בודזשיקעס.

— איז אָט, לויף טאַקע מיט אים אינאיינעם צוריק. פאַר אַזאַ הונט וועלן זיך אַפילע די וויַיסע אויך דערשרעקן.

— איך וויל זיך נאָך אַביסעלע דו־כפאָרן.

— מע טאָר ניט. אָט, אַז מיר וועלן פאָרן צוריק, דאַן יאָ.

— און אַלעמיַי פאָרט נאָך מייַן טאַטע? — האָט שוין באַליידיקט אָפּגע־ענטפערט וואַסילקע.

— דער טאַטע איז עלטער פון דיר. ער וועט נאָך אַ כוידעש אָדער נאָך אַ גאַנץ יאָר אַרומפאָרן. קריך אַראָפּ!

דער פרעמדער פעטער האָט אָפּגעריסן וואַסילקעס הענט פונעם וואָגן, אונטערגעהויבן דאָס יאַטעלע אינדערהייך און אים אַראָפּגעלאָזט אין הייסן שטויב. דערזעענדיק, אַז מע טשעפּעט וואַסילקען, האָט שאַריק אָנגע־הויבן אַרומשפּרינגען אַרום דעם וואָגן און בייז בילן.

— בייַס אים! בייַס אים! — האָט וואַסילקע אַ באַליידיקטער אָנגעהויבן אָנרייצן דעם הונט און איז אויך נאָכגעלאָפן נאָכן וואָגן.

— בייַס אים! בייַס אים!

דער פרעמדער פעטער האָט אומיסטן געמאַכט אַזאַ מינע, ווי ער וואָלט זיך דערשראָקן, און געפאַלן אַפן דעק פונעם וואָגן.

שאַריק איז געשפּרונגען נעבן די רעדער, געדרייט מיטן עק, וואָס איז ענלעך געווען אַף אַ סאַמאָוואַר־קוימען מיט אַ באָרד, און האָט גע־בילט. דערנאָך איז ער אינקאַעס געוואָרן אַף דער ראָד, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייַט געקייַקלט גלייַך אַף אים, און ער האָט אָנגעהויבן כאַפּן מיט די ציין די אייַזערנע רייפּ...

פלוצים האָט זיכ פונפאָרנט דערהערט א שיסעריַי. פונעמ וואָגנ האבנ אָנגעהויבנ ארויסשפרינגענ רויטאַרמייער מיט ביקסנ אינ די הענט אונ זיי זייַנענ אוועקגעלאָפנ ערגעצ באַרג־אראָפּ. די וועגענער האבנ פארקערעוועט אפנ וויהאָנ. עס איז אויכ ארויסגעשפרונגענ דער פרעמדער פעטער, וואָס מיטנ שטערנדל אפנ היטל.

— לויפ אהיימ! — האָט ער נאָכאַמאָל א געשריי געטאָנ צו וואסי׳קענ אונ אליינ איז ער אוועקגעלאָפנ מיט די רויטאַרמייער.



פונ גרויס פרייד האָט שאַריק אָנגעהויבנ נאָכלויפנ דעמ פעטער אונ אימ כאַפּנ פאַר די פיס אינ די גרינע לייַוונטענע געטרעס. וואַסילקע איז געבליבנ איינער אליינ אינמיטנ וועג. ס׳האט אימ גלייַכ אָנגענומענ א פאַר־דראָס, לעמיַי אלע האבנ אימ אוועקגעוואָרפנ. דער טאַטע איז מיסטאַמע אויכ אוועקגעפאָרנ אהינ, ווו מע שיסט. נאָר איינ שאריק האט זיכ אומ־געקערט צוריק א צופרידענער, וואס פאר אימ האָט זיכ דערשראָקנ דער גרויסער פעטער אונ נאָכ מיט א ביקס. וואסילקע האָט אָנגעהויבנ א פאר־טרויערטער שמאָרנ מיט דער נאָז, דערנאָכ האט ער זיכ דערמאָנט, אז דער פרעמדער פעטער האט אימ צוגעקוועטשט די האַנט, האט ער זיכ פלוצימ צעווייַנט אפנ קאָל. שאַריק האט אימ א לעק געטאָנ די האַנט, אונ וואַסילקע האָט זיכ נאָכ מער צעוויינט. פאַרטשעפענדיק זיכ מיט די ברודיקע פיסלעכ

אין די טרוקענע הרודעס פונעם שליאַך, האט ער פאַרקערעוועט אפ צוריק אהיים. אין גאַס האט אים באַגעגנט די אופגערעגטע מוטער, וואס האט שוין געזוכט איר זון איבער אַלע הויפן.

— ווייִנ ניט, קינד מייַנס, ווייִנ ניט — האָט זי אים געגלעט איבערן בלאָנדן קאָפּ — דער טאַטע וועט זיך מאָרגן אומקערן. ווי נאָר ער וועט צעשלאָגן די ווייַסע, אזוי קערט ער זיך אום.

— און אויך יענעם פעטער, וואָס האט מיר צוגעקוועטשט די האַנט — האָט אונטערגעכליפּעט וואַסילקע, צערייַבנדיק מיט די קולעקלעך די טרערן איבער די פאַרשטויבטע בעקלעך.

— יאָ, אויך יענעם פעטער וועט דער טאַטע אָנעריקן. דייַן טאַטע איז א שטאַרקער. ער וועט זיי אלע מיט דער ביקס צעשיסן.

— און איך וויל אויך שיסן פון א ביקס. איך וואָלט אַלע ווייַסע צע־נעריקט.

— וועסט נאָך נעריקן, זונעלע, וועסט נאָך שיסן.

נאָר ווען פונקט אין יענעם אָוונט זייַנען אריינגעקומענע אין דאָרף די ווייַסע, האט זיך וואַסילקע אזוי דערשראָקן, אז די מוטער האט אים קוים געפונען אין שטאַל, ווו ער האט זיך באַהאַלטן הינטערן האָלץ. ער איז געזעסן אייַנגעעמ מיט שאַריקן אין סאַמע שטאַל־ווינקל און געכליפּעט:

— איך וועל גיין דערציילן דעם טאַטן, אז די ווייַסע זייַנען שוין גע־קומען, זאָל ער זיי צענעריקן!

— זאָג גאָר ניט, זונעלע, די ווייַסע, ווו דייַן טאַטע איז, וואָרום א ניט, וועלן זיי אונדז אלעמען אויסהאַרגענען.

— און איך וועל גיין זאָגן דעם טאַטן. ער וועט זיי אלעמען מיט דער ביקס צעשיסן.

— מע דאַרף זיך פריער אויסשלאָפן. קום שלאָפן.

וואַסילקע איז ניטווילנדיק ארויס פון זייַן באַהעלטעניש.

אין שטוב זייַנען שוין באַם טיש געזעסן פיר סאָלדאטן מיט פּאָגאָנעס אפ די גרינע העמדלעך. זיי האבן געגעסן וועטשערע און קאָסע געקוקט צו דער טיר. וואַסילקע האט אפ זיי א קוק געטאָן אן אָנגעכמורעטער.

— אוכ, ס׳ארא בייזער!.. — האָט אייִנער א סאָלדאט א זאָג געטאָן. — מיסטאמע איז דער טאַטע אויך אזאַ!..

וואַסילקע האט נאָך מערער זיך אָנגעכמורעט:

— איך וועל אייַך ניט זאָגן, ווו מייַן טאַטע איז.

— און די ווייסט? — האבן די סאָלדאטן אופגעהויבן די קעפּ.

וואַסילקעס מוטער איז געוואָרן צעטראָגן און האָט מיט שרעק א קוק געטאָן אויפן יינגל:

— איך האָב זיי שוין דערציילט, וואַסילקע: דײַן טאַטע איז אוועקגעפאָרן אויפן מאַרק.

— ער וועט אײַך אַלעמען מיט דער ביקס צעשיסן! — האָט א בורטשע געטאָן וואַסילקע און ארויסגעשטעלט דאָס צוויַיגל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די הענט, — אָט אַזוי אָ — בוך!

— הייסט עס, איז אָט וואָר דײַן טאַטע!.. נו, גוט! — האָט א זאָג געטאָן אײנער א סאָלדאַט.

וואַסילקעס מוטער האָט זיך נאָך מער דערשראָקן און אַפּגיך אַרײַנגעשטופּט דעם זון אין זײַטיקן צימערל. שלאָפן האָט זי אים באַלייגט אין א ווינקל אויפן קאַסטן. אָבער וואַסילקע האָט אפילו ניט געטראַכט פון שלאָפן. ער האָט נאָר פאַרזשמורעט די אויגן און געוואַרט, ביז די מאַמע וועט ארויסגיין פון צימער, דאַן וועט ער ארויסקריכן דורכן פענצטער און וועט אַנטלויפן הינטערן דאָרף, — אַהין, וווּהין די רויטע האָבן זיך א לאָז געטאָן באַרג־אַראָפּ, דאָרט וועט ער אויפזוכן זײַן טאַטן און אים דערציילן, אַז די ווײַסע סאָלדאַטן ווילן שלאָגן די מאַמע.

כאָטש וואַסילקען האָט זיך געדוכט, אַז ער שלאָפט ניט, נאָר ווען ער האָט ווידער אויפגעעפנט די אויגן, האָט שוין אין פענצטער געשײַנט די זון, נעבן פענצטער איז געזעסן א צעשויבערטע די מוטער און מיט אַן אַרבל געווישט די טרערן פונעם פּנים. ס'איז אויף איר געווען צעריסן דאָס העמד און אונטער אײנעם אַן אויג האָט זי געהאַט א בלויען קרײַז. דערזען וואַסילקען, האָט זי זיך צעוויינט אויפן קול. וואַסילקע האָט זיך אָנגעכמורעט.

— וואָס איז, מאַמע? — האָט ער דערשראָקן א קוק געטאָן אויף איר צעריסענעם העמד — די סאָלדאַטן האָבן דיך געשלאָגן, יאָ?

— געשלאָגן, זונעלע, געשלאָגן — האָט אָפּגעענטפערט די מוטער און א פאַרצווייפלטע א פאַל געטאָן מיטן קאָפּ אויף די הענט.

איצט האָט שוין וואַסילקע באַשלאָסן ניט וואַרטן קיין איבעריקע מינוט און גלײַך לויפן דערציילן דעם פאָטער, אַז ער זאָל זיך אומקערן אַהיים: די ווײַסע סאָלדאַטן האָבן דאָך געשלאָגן די מאַמע און צעריסן אויף איר דאָס העמד. קעדיי די מוטער זאָל אים ניט צווינגען זיך וואַשן און דערנאָך איבערבײַסן, האָט ער זיך אויף די שפּיץ פינגער ארויסגעגאַנוועט הינטער דער טיר, א רוף געטאָן שאַריקן און אַנטלאָפן הינטערן

דאָרט. שאַריק האָט זיך מיט כיישעק געלאָזט לויפֿן פֿאָרויס. אַפֿן וועג האָט ער איבערגעשראָקן אַ פּאָר שפּערלינגלעך,— זיי זײַנען געלעגן מיט די ברוסטלעך אין די ווייכע זאַמדיקע וועג־קאָליִעס און זיך געבאָדן אין הייסן שטויב. ער האָט זיך אַ יאָג געטאָן נאָך אַ קראָ, דערנאָך אָנגעהויבן נאָכיאָגן ווײַסע באַבעלעך. ניט געכאַפּט קיין איינס, האָט ער שולדיק זיך אַרומגעקוקט אויף וואַסילקען און געדרייט מיטן וויידל, וואָס איז ענלעך געווען אויף אַ סאַמאָוואַר־קוימען מיט אַ באָרד.

ווען זיי האָבן אויפֿן וועג אָנגעטראָפֿן סאָלדאַטן מיט פּאַגאָנעס, זײַנען וואַסילקע מיט שאַריקן זיי פֿאַרבײַגעגאַנגען. פֿון אונטער די פֿיס זײַנען אויפֿן וויהאָן אַרויסגעשפּרונגען היישעריקן. ס׳זײַנען אַנטלאָפֿן אין די ערדישע נאָרעס די גרינע יאַשטשעריצעס, אַנטלאָפֿן די בלאָע גרילן מיט די דורכזיכטיקע פֿליגעלעך, און פֿון איין בלימעלע אויפֿן צווייטן זײַנען איבערגעפֿלויגן די זשוזשענדיקע מאָכיקע פֿעלד־בינען. אָבער וואַסילקע האָט איצטער ניט געהאַט קיין צײַט זיך נאָכיאָגן נאָך די יאַשטשעריצעס. אַ צווייט מאָל וועט ער אומבאַדינגט כאַפּן כאָטש איינע פֿון זיי. נאָר איצטער מוז מען אײַלן. ער מיט שאַריקן זײַנען צוגעלאָפֿן אויך צו יענעם אָרט, וווּ עס האָבן זיך נעכטן אָפּגעשטעלט די פֿורן, נאָר קיינעם האָט מען אינערגעץ ניט געזען.

— שאַריק, זוך די שפּורן! — האָט לעסאָף אַ קאָמאַנדעווע געטאָן וואַסילקע.

שאַריק האָט אָנגעשפּיזט אין אים זײַנע פֿאַרוווּנדערטע אויגן און אַ דריי געטאָן מיטן וויידל.

— זוך דעם טאַטנס שפּור! — און אַליין האָט ער זיך אָנגעבויגן צו דער ערד.

שאַריק האָט אַרײַנגעשטעקט די נאָז אונטער וואַסילקעס הענט, מיינענדיק, אַז וואַסילקע וועט מיסטאָמע אין דער נאָרקע זוכן אַ זשוק. נאָר ווען ער האָט אַ צי געטאָן מיט די נאָזלעכער די לופֿט, האָט ער פּלוצים אַ וואָיע געטאָן, אַנטלאָפֿן פֿונעם וועג באַרג־אַראָפּ און אָנגעהויבן בילן. וואַסילקע האָט זיך געלאָזט נאָך אים. ניט אופֿהייבנדיק פֿון דער ערד די מאָרדע, איז שאַריק געלאָפֿן און געלאָפֿן אַלץ אויף אַראָפּ. באַם סאָף פֿון וויהאָן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ היטל מיט אַ שטערנדל, וואָס עמעצער האָט פֿאַרלוירן, נעבן דעם היטל האָט זיך געוואַלגערט עפּעס אַ שמאַטקע. שאַריק האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרומגעשמעקט דאָס היטל, דערנאָך די שמאַטע און אָנגעהויבן וואָיען.

— וואס איז, שאַריק? — האט געפרעגט וואַסילקע און אופגעהויבן דאָס היטל. אינעם היטל איז אין א זײַט געווען א לעכל און אינעווייניק — שוואַרצע פלעקן פון בלוט. שאַריק האָט א שפרונג געטאָן צום היטל, א לעק געטאָן דעם דאַשעק און ווידער א וואָיע געטאָן. וואַסילקע האט א קוק געטאָן אפן איבערגעבראָכענעם דאַשעק און ערשט איצט דערקענט דעם טאטנס היטל. פריער האט ער זיך ווי דערפרייט: הייסט עס, אז דער טאַטע איז ערגעץ דאָ נאָענט, אָבער קיינעם האט מען אַרום ניט געזען, נאָר דאָס צעשאָסענע היטל מיט א שמאַטקע האט זיך געוואַל־גערט אפן וויהאָן.



וואַסילקע האָט זיך דערשראָקן.

— זוך דעם טאַטן, שאַריק! — האט ער מיט טרערן א זאָג געטאָן און איז ווידער אוועקגעלאָפן אפ אראָפּ.

שאַריק האט אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע צו דער ערד, זיך אָנגעהויבן דרייען אפ איין אָרט, דערנאָך אוועקגעלאָפן איבערן אײַנגעטראָטענעם גערשטן און איבערגעיאָגט וואַסילקען. דער וועג האט זיי געבראַכט צו א טײַכל. שאַריק איז צוגעלאָפן צום וואַסער און האט זיך ווײַטער צעהײַלט. פונעם ברעג האָבן אָנגעהויבן צו אנטלויפן דערשראָקענע זשאַבעס. שאַריק האָט אָנגעהויבן לויפן אין איין זײַט, דערנאָך אין א צווייטער, זיך געהאַט א וואָרף געטאָן אין וואַסער, אָבער פון שרעק איז ער באַלד צוריק ארויס אפן ברעג, אָפּגעטרייסלט פון זיך די וואַסער און, שפּרינ־גענדיק אנטקעגן וואַסילקען, נאָך מער אָנגעהויבן צו הײַלן:

— זאָל דער טאַטע האָבן אַריבערגעשווומען אָפּ יענער זײַט? — האָט וואַסילקע אַ פרעג געטאָן — איז לאָמיר אויך איבערשווימען, שרעק זיך ניט, שאַריק, פאַרן וואַסער, די וואַסער איז וואַרעם.

וואַסילקע האָט גיך אויסגעטאָן די הויזן און דאָס העמדל, צונויפּ־געדרייט אין אַ קלומעקל, און קעדיי עס ניט אײַנעצן, האָט ער עס צוגעבונדן צום נאַקן. דעם טאַטנס היטל האָט ער אָנגעטאָן אָפן קאָפּ.

— קריך, שאַריק, שווים אָפּ יענער זײַט! און ער האָט דעם הונט אַרײַנגעשטופּט אין וואַסער.

נאָר שאַריק איז ווידער אַרויסגעשפּרונגען אָפן ברעג און מיט שרעק צונויפגעקנייטשט דעם ווײדל און אָנגעהויבן בילן אָפן וואַסער. אָפ דער אַנטקעגנדיקער זײַט פונעם טײַך איז געוואַקסן טשערעט. וואַסילקע איז אַרײַן אין וואַסער און אָנגעהויבן זיך אײַנקוקן אין די צעקנייטשטע טשערעט־בעכערלעך, וווהין עס האָט געבילט שאַריק. אינעם טשערעט האָבן זיך צוערשט באַוויזן פיס, דערנאָך — אַן אופגעבלאָזן העמדל, און לעסאָף האָט וואַסילקע דערזען אַ מענטשן. ער איז געלעגן אָפּ אַ בערגל, ביז האַלב אין וואַסער, און זיך שטיל געהוידעט אָפּ די כוואַליעס, וואָס עס האָט אָנגעיאָגט דער ווינט. ניט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פונעם טשערעט, האָט זיך וואַסילקע אָנגעהויבן אומקערן צום ברעג. אין זײַנע פיס האָט זיך געריבן דער דערשראָקענער שאַריק. דערנאָך זײַנען זיי ביידע גיך אַוועקגעלאָפן אָפן באַרג. ערשט ווײַט אָפן וויהאָן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, קעדיי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם און אויסקלײַבן אַן אַנדער אָרט, וווּ זיי זאָלן זיך קאָנען אַריבערפּעקלען אָפּ יענער זײַט ברעג, עפּשער וועלן זיי געפינען אַ בריקל.

מוירעהאָבנדיק פאַר דעם טײַך, ווו עס איז געלעגן אַ דערהאַרגעטער מענטש, זײַנען זיי אַוועק איבערן באַרג. בײַ שאַריקן האָט זיך פון היץ און פון פאַרהאַוועטקייט געבאָמבלט איבער דער אונטערשטער ליפּ דער לאַנגער ראָזעווער צונג, און בײַ וואַסילקען אין ברוסט האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. דעם טײַך האָט מען אַרויסגעזען, ווי אָפּ דער דאָלאָניע, נאָר דאָס דאָרף האָט מען ניט געזען. עס איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן פון די אויגן. פונפאָרנט האָט זיך אַרויסגעזען עפּעס אַ כוטערל, וואָס איז אַרומגעפּלאַנצט מיט הויכע ביימער. וואַסילקע האָט ווידער אָנגעטאָן די הויזן מיט איין שלייקע, דאָס העמדל און דאָס היטל מיטן לעכל האָט ער באַהאַלטן אונטערן אָרעם און איז אַוועקגעלאָפן גלײַך צום כוטער.

הינטערן סעדל נעבן כוטער, אונטער גרינע ווײַנשל־ביימער האט וואַסילקע אומדערוואַרטעט דערזען אסאַך פערד. זיי זײַנען געשטאַנען אײַנגעשפּאַנט אין עפּעס מאָדנע אײַזערנע קאַסטנס אפן הויכע רעדער און געקײַט היי. הינטער די ווײַנשל־ביימער אפן טויק איז געשטאַנען א קלוניע, און הינטער איר זײַנען אין שאָטן געזעסן סאָלדאטן מיט פּאָגאָנעס. וואַסילקע האט שוין געוווּסט, אז פּאָגאָנעס טראָגן אף די גרינע העמדלעך נאָר די ווײַסע. ער האט א טראַכט געטאָן, אז דאָרט זיצן מיסטאַמע אויך די, וואס האבן געשלאָגן זײַן מאַמע, און איז געגאנגען ארום דעם סעדל פון א צווייטער זײַט. אָבער ווי נאָר ער איז ארומגעגאַנגען דעם ארומגעצוימטן מיט ביימער ערדישן וואַל, אזוי האט ער אפן פעלד ווידער דערזען די ווײַסע סאָלדאטן. זיי האָבן זיך געפּאָרקעט נעבן עפּעס אזוינס, וואָס איז געשטאַנען אף צוויי רעדער און געהאַט א לאנגן אײַזערנעם עק און א לאַנגן אײַזערנעם האַלדז, גלײַך גרויסע יאַשטשעריצעס האבן זיך פארקליבן אף דער אָקס צווישן די רעדער און, צעעפּענענדיק די מײַלער, זײַנען זיי פארשטיינערט געוואָרן אונטער דער זון.

וואַסילקע האט זיך פארינטערעסירט. כאָטש ער האט זיך געשראָקן פאַר די סאָלדאטן, נאָר א ווונק טוענדיק שאַריקן, האט ער שטילערהייט זיך אָנגעהויבן אונטערגאַנווענען נעענטער. נעבן איינער אזאַ יאַשטשערקע — און אזעלכע זיינען געווען צוויי — האט א סאָלדאט יעדע ווײַלע געעפנט און פאַרמאכט א לאָך. אונטער די הענט האָט בא אים אויך געקלאַפּט א פּרוזשינקע. וואַסילקע איז צוגעגאַנגען נאָך נעענטער. איצט האָט ער שוין געזען, אז דאס זײַנען ניט קײַן יאשטשערקעס, נאָר עפּעס לאַנגע טרויבן ליגן אף רעדער.

— וואָס דרייסטו זיך דאָ ארום? — האט אים לעסאָף באמערקט א סאָלדאט.

ניטוויײַט פונדאָרט זײַנען געווען נאָך סאָלדאַטן, נאָר זיי האבן אף וואַסילקען זיך גאָר ניט אומגעקוקט.

— איך זוך דעם טאַטן, — האָט ער אָפּגעענטפערט מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— און וואָס טוט דײַן טאַטע? דאס איז אײַער כוטער?

— מײַן טאַטע קאָן שיסן.

שיסן? אזוי גאָר? — האָט געפרעגט א סאָלדאט, א קלאַפּ געטאָן מיטן אײַזערנעם הענטל, געעפנט דאס, וואס האט פארשטעקט די לאָך, און דערנאָך מיט אימפּעט דאָס פאַרמאַכט און הויך אַ מאַך געטאָן מיט די ליפּן:

בו־ר־כ! — אָט אַזוי שיסט דײַן טאַטע? וואָלסט כאָטש אונדז ארויס־געטראָגן א שטיקל כאַזער.

— און דאָס, וואָס איז אזוינס? — האט וואַסילקע, באַגײַסטערט פונעם גרויסן שפּילעכל, אָנשטאָט אן ענטפער א פרעג געטאָן.

— דאָס? דאָס איז א האַרמאַט. און יענץ איז אויך א האַרמאַט. אז מע שיכט אויס, טרעפט עס אזש אפ יענעם ברעג. ווײַט!

— אהין טאָר מען ניט שיסן.



— פאַרוואָס טאָר מען ניט? דאָרט זײַנען דאָך די רויטע!

אין דער רעגע האָט פונעם צווייטן האַרמאַט א געשריי געטאָן א סאָלדאַט:

— באָלאָטאָוו, באָלאָטאָוו, גיב מיר נאָר דײַן אויסלאָדער.

— נא! טראָג עס אָפּ יענעם פעטער, — האט א זאָג געטאָן באָלאָטאָוו, וועלכער האט געוויזן, ווי אזוי סע שיסט דער האַרמאַט, און האט איבער־געגעבן וואַסילקען א לאַנגן שטעקן מיט אַ קײַלעכדיקער באַרשט אינעם עק.

— זע נאָר, א נײַער שיסער! — אזוי האט אים באַגעגנט דער סאָלדאַט נעבן דעם צווייטן האַרמאַט — און נאָך מיט א היטל, אנו, באַווײַז נאָר!

באַמערקנדיק, אז דער פרעמדער האט אויסגעצויגן צו וואַסילקען א האַנט, האט שאַריק אָנגעשפּיצט די אויערן און א בורטשע געטאָן. דער סאָלדאַט האָט פון אומדערוואַרטקייט אָפּגעטראָטן און אופגעהויבן אפ שאַריקן די באַרשט. און וואַסילקע, קעדיי מע זאָל בא אים ניט אָפּנעמען דעם טאַטנס היטל, האָט עס ארײַנגערוקט אין בוזעם, אונטערן פּאַסיקל פון די הויזן.

דער צווייטער האַרמאַט איז אויך געווען אָפן. דער סאָלדאַט האט ארײַנגערוקט אינעווייניק די באַרשט, וואס וואַסילקע האט געבראַכט, און אָנגעהויבן מיט איר פירן הין און צוריק.

— דאָס רייניקט איר אזוי ? מייַנ מאַמע רייניקט אזוי דעם לאָמפּ,— האט וואַסילקע א זאָג געטאָנ.

— אָט פּונקט טאַקע אזוי — האט ערנסט מאַסקימ געווענ דער סאָלדאט.

— א האַרמאַט לייַכט דענ ?

— עס קאָנ, יינגעלע, אזאַ לייַכט טאָנ, אַז דער הימל זאָל אזש ווערנ הייס. נאָר אויב עס פאַלט אינעווייניק אַריינ זאַמד, קאָנ עס צערייַסנ דעמ האַרמאַט. טראַכ־באַכ אונ — דער האַרמאַט בלייַבט אָנ אַ נאָז.

— אַנו, בּאַווייַז נאָר, ווי אזוי מאַכט ער טראַכ־באַכ!

— איכ וועל דיר באַלד באַווייַזנ! טראָג זיכ אָפּ פונדאַנענ, אניט, וועל איכ דיכ באַלד אלײנ אַרייַנוואַרפנ אינ האַרמאַט.

וואַסילקע איז אָפּגעטראָטנ. דערדאָזיקער סאָלדאט מיט די לאַנגע, שאַרפע וואָנצנ איז אימ ניט געפעלנ געוואָרנ. נעבנ די הילצערנע קאַסטנס, וואס זייַנענ געווענ צעוואָרפנ איבער דער ערד, איז אויכ געשטאַנענ א סאָלדאַט, אונ וואַסילקע איז צוגעגאַנגענ צו אימ. שאַריק האט אופגעהויבנ די מאָרדע, א צי געטאָנ מיט דער נאָז די לופט אונ זיכ דורכגעגאַנגעט אונטער אַ קוסט, ווו עס זייַנענ געלעגנ ברעזענטענע עמער, אייַזערנע שליסלענ אונ בלייַענע קעסטלעכ.

דער סאָלדאט, צו וועלכנ עס איז צוגעגאַנגענ וואַסילקע, איז געווענ אינ גאָלדענע פּאָגאָנעס, וועלכע עס האבנ געטראָגנ אָפיצערנ. ער האט געהאַלטנ צוגעטוליעט פאַר די אויגנ עפעס א פּאָר טרייַבעלעכ מיט גלעז־לעלעכ אונ געקוקט דורכ זיי אפּנ פעלד.

— איכ האב אויכ אזאַ גלעזל. ווי נאָר דו גיסט דורכ דעמ א קוק, ווערט באַלד אלץ רויט, אי די ערד, אי דער הימל.

דער אָפיצער האט אוועקגענומענ פונ די אויגנ די טרייַבלעכ אונ פאַרווונדערט קאָסע א קוק געטאָנ אפנ יינגעלע.

— פּעטער, גיט, איכ וועל א קוק טאָנ,— האט געזאָגט וואַסילקע.

— דו ועסט אָבער גאָרנישט ניט זענ דורכ דעמ.— ער האט מיסטאמע געמיינט, אז דאס יינגל איז פונ דעמ כוטער אונ אפּנ כוטער האט געווינט א רייַכער באַלעגופּ. הינטערנ גאָרטנ האבנ זיכ געצויגנ לאַנגע פּאַשע־פעלדער פאַר פּי, פעסטע פערד־שטאַלנ אונ גרויסע סקירדעס ברויט. מעגלעכ, אז דערפאַר האט דער אָפיצער געענטפערט גראָבלעכ:

— נו, נאַ, גיב אויכ א קוק אינעמ בינאָקל, אונ האט אראָפּגענומענ דורכנ קאָפּ דאס רימענדל.

וואַסילקע האט צוגעטראָגנ דאס שווערע בינאָקל צו די אויגנ. אינעמ

גלאָז האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן מאָדנע גרינע פלעקן. דערנאָך האָבן זיך באַוויזן עפּעס ווי צווייַגלעך, און ווען ער האָט אַביסל אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט אין בינאָקל אַ גלאַנץ געטאָן דער ראָזעווער הימל. גאָרניט ווייַט האָט זיך באַוויזן אַ טייַכל, ווי סאַמע נעבן די פיס, און הינטערן טייַכל — עטלעכע שטיבלעך. נעבן עקסטן שטיבל איז עמעצער ארומגעגאַנגען, דאַכט זיך, מיט אַ ביקס אויף דער פּלייצע.

— האָסט עפּעס געזען?

— יאָ, אַ טייַכל. און די שטיבלעך זייַנען אָט־אָט, זייער נאָענט — און ער האָט אויסגעצויגן די האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט כאַפּן דאָס עקסטע שטיבל.

אין דער רעגע האָט עמעצער פון די רייען אויסגעשריען:

— באַטאַרייע, צום שלאַכט! דער קעגנער זאַמלט זייַנע קויכעס הינטערן טייַך!

דער אָפיצער מיט די גאָלדענע פּאָגאָנעס האָט ארויסגעכאַפּט בא וואַסילקען דאָס בינאָקל, צוגעשטעלט צו זייַנע אויגן און האָט איבערגעכאַזערט די קאָמאַנדע:

— צום שלאַכט!

פון די קוסטעס, וואָס הינטער דער באַטאַרייע, זייַנען צו די האַרמאַטן צוגעלאָפן נאָך עטלעכע כעוורע און אָנגעהויבן ווימלען, ווי מורעשקעס, בעשאַס מע טרעט ארויף מיט אַ פוס אויף אַ ראָי. אייניקע האָבן פון די הילצערנע קאַסטנס צוגעטראָגן גרויסע, הויכע ביז דער קני קוילן מיט גלעזערנע היטעלעך; אַנדערע האָבן געשלעפּט פאַרן עק די האַרמאַטן און אַנדערע האָבן געדרייט באַדערזייַט די רעדעלעך, פון וואָס די האַרמאַטן האָבן זיך געקערעוועט דאָס אין דער זייַט, דאָס אין אַ צווייטער זייַט, — אַראָפּ און ארויף. אַ צווייטער האַרמאַט האָט געאַרבעט זייער לאַנגזאַם, און דער סאָלדאַט, וואָס האָט געדרייט די רעדעלעך, איז אוועקגעלאָפן צום קוסט נאָך אַ שמירעכץ. פונעם קוסט איז ארויסגעשפּרונגען שאַריק, וועלכער האָט באַלעקט די ליפּן און איז גרייט געווען באַלד צו אַנטלויפן.

— ווו איז דער אייל? — האָט פון אונטערן קוסט געשריגן דער סאָלדאַט און נערוועז צעוואָרפן די פוסטע בלעכענע קעסטעלעך, — ווו איז די אייל, באַלאַטאָוו?

— אָט שטייט דאָך נעבן דייַן נאָז דאָס קעסטל.

— ס'איז דאָך אַ ליידיקס.

דער סאָלדאַט האָט אַ קוק געטאָן אויף שאַריקס פּעטער נאָז און דער־שראָקן אויסגעגלאָצט די אויגן:

— שוין זשע האָט עס אָפּגעגעסן דער הונט? טרײַבט אים אַוועק! און ער האָט זיך אײַנגעבויגן צו דער ערד, אויף אויפצוהייבן עפּעס שווערס.

שאַריק האָט דערזען, אַז זײַן שפּיצל האָט מען באַמערקט, האָט ער צונויפגעקנייטשט דעם ווײדל און אין איין רגע פֿאַרשווונדן געוואָרן אין די קוסטעס. אַ דערשראָקענער פֿון שאַריקס פֿאַרברעכן, האָט וואַסילקע אויך געוואָלט אַנטלויפֿן. נאָר אין דער רגע האָט מען אין די האַרמאַטן אַרײַנגעלייגט גרויסע קוילן, פֿאַרמאַכט די טירלעך און לויט דער קאָמאַנדע „פֿײַער!" אַ צי געטאָן מיט די שנירלעך.

וואַסילקע האָט דערזען, ווי פֿונפֿאָרנט האָט אַ בליץ געטאָן אַ פֿײַער און דערנאָך האָט עפּעס אַ רעווע געטאָן, אָבער מיט אַזאַ קויעך, אַז עס האָט אים אַזש פֿון ווייטיק אָנגעהויבן שנײַדן אין די אויערן, פּונקט ווי עמעצער וואָלט אים אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ פֿויסט איבער די אויער. פֿון שרעק האָט ער אַ געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפֿן. פֿונעם קוסט איז אַרויסגעשפּרונגען שאַריק און, וואָיענדיק, אַוועקגעלאָפֿן אויפֿן גאָרטן. דאָך איז נאָכן ערשטן דונער ווידער געוואָרן שטיל. נאָר הינטערן טײַך האָט נאָכאַמאָל עפּעס אַ הודזשע געטאָן און עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַל — דאָרט האָט זיך ביזן הימל אויפֿגעהויבן אַ זײַל שוואַרצער רויך. וואַסילקע האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטער דער סקירדע שטרוי. די טרערן זײַנען אים גערונען איבער די באַקן. אין דער רגע האָט עמעצער איבער זײַן קאָפּ אַ געשריי געטאָן:

— איבערגעפֿלויגן!

ער איז אַ ביסל אָפּגעגאַנגען פֿון דער סקירדע שטרוי און דערזען אויפֿן סאַמע שפּיץ פֿון דער סקירדע אַ סאָלדאַט מיט פּונקט אַזעלכע טרײַב־לעך בײַ די אויגן, דורך וועלכע עס האָט אים געגעבן קוקן דער אָפֿיצער. דער סאָלדאַט, קעדיי מע זאָל אים ניט באַמערקן, איז געזעסן אין אַ נעסטל נאָר פֿונפֿאָרנט האָט ער פֿאַר זיך געמאַכט אַ לעכל. אין דער באַטאַרײַ האָט זיך ווידער דערהערט אַ קאָמאַנדע, און ווידער האָט אַ דונער גע־מאַכט אויפֿציטערן די ערד. נאָר איצטיקס מאָל האָט זיך שוין וואַסילקע ניט אַזוי דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן צוגיין נעענטער. נעבן די האַרמאַטן האָט געשמעקט מיט סמאָלענע. בײדע זײַנען זיי געווען פֿאַר־וויקלט אין רויך און אין שטויב. דער סאָלדאַט, וואָס האָט געדרייט די רעדלעך, האָט נאָך אַלץ געזידלט שאַריקן, נאָר שאַריק האָט זיך שוין מער

ניט געווויזן פאר די אויגן. וואַסילקע האט אים א זוך געטאָן און אים דער־זעען ערגעץ צווישן די קאַרטאָפל־היטשקעס. שאַריק האט מוירע געהאט צוגיין נעענטער און שולדיק אונטערגעוואָיעט.

— נארעלע, ס׳איז גאָרניט אזוי שרעקלעך, — האָט וואַסילקע א זאָג געטאָן און דרייסט זיך א רוק געטאָן נאָך אַפּ א פּאָר טראָט פּאָרויס. אַפּ אַזאַ שטיקל שטרעקע האט זיך אויך שאַריק אונטערגערוקט אין דער היטשקע.

די האַרמאַטן האבן אויסגעשאָסן נאָך צו איין מאָל און זײַנען אנטשוויגן געוואָרן. דעמאָלט האבן זיך דערהערט איינצלנע שיסערײַען אַפּ דער אנטקעגנדיקער זײַט פון טײַך. וואַסילקע האבן באַאומרויִקט עפּעס מאָדנע שרעקלעכע אופרײַסן אויך אינעם צווייטן עק פונעם כוטער. נאָך יעדן אופרײַס האט זיך דאָרט די ערד ווי צעשפּאלטן אַפּ צווייען.

— אהין קנאַלט וויפל איר ווילט! — האט א זאָג געטאָן דער אָפּיצער מיט די גאָלדענע פּאגאָנעס. אבי נאָר זיי זאָלן אהער ניט טרעפן.

פון די ווערטער האט זיך וואַסילקע אָנגעשטויסן, אז די רויטע באַשיסן די באַטאַרייע פון די ווײַסע, פּונקט פון אזעלכע האַרמאַטן, ווי די, נאר זיי קאָנען אָבער ניט טרעפן. ער האט באַשלאָסן אומבאַדינגט אריבערלויפן אַפּ יענעם ברעג און דערציילן זיי, ווו עס שטייען די האַרמאַטן פון די ווײַסע. ער האט נאָך געוואָלט אויסקוקן פריִער, פאַרוואָס שיסט עס אזוי הויך. נאָך דער שיסערײַ האבן די סאָלדאַטן אופגעעפנט אין די האַרמאַטן די לעכער און אליין זײַנען זיי אָפּגעגאַנגען אין שאָטן און זיך אויסגעזעצט צו פאַרויכערן. וואַסילקע האט זיך מיט שרעק דערנעענטערט צום ערשטן האַרמאַט און ארײַנגעקוקט אין דער לאָך. דורך דער לאָך האט ער אפּן צווייטן עק דערזען דעם ראָזעווען הימל און א ווײַס וואָלקנדל. פּונקט בא דער נאָז האט ער דערזען דאָס הענטל אפּן שלאָס. אז מע עפנט דעם שלאָס, הייבט אָן דאס הענטל קלאַפּן. וואַסילקע האט א קוועטש געטאן דאס הענטל און אָנגעהויבן צעהוידען דעם שווערן שלאָס. אפּן הארמאט איז באַדערזײַט געווען א שטאָלן צײַנדל. אין דעם ציינדל האט זיך די גאַנצע צײַט אָנגעשלאָגן דער שלאָס, הילכיק געקלאַפּט. עמעצער פון די סאָלדאטן האט אויסגעשריגן:

— וואס טוסטו דאָרט, פּאצאן! אנו, מאַרש פונדאַנען!

וואסילקע האט זיך גנייוויש אומגעקוקט, אביסל אָפּגעגאן. נאָר דאס קלאַפּן, וואס איז ענלעך געווען אַפּ א שאָס, איז אים אזוי געפעלן געוואָרן, אז ער האט זיך נאָכאַמאָל אומגעקערט צו דעם האַרמאַט און אָנגעהויבן

צו צעהוידעט דעם שלאָס. נאָכן דריטן מאָל האָט ער נאָך שטאַרקער א קלאַפּ געטאָן און דערזען, אז דאָס ציינדל, וואָס האָט געסטאַרטשעט בײַם האַר־מאַט, האָט זיך צעבראָכן און א פּאָל געטאָן אפ דער ערד. דער שלאָס האָט שוין מער ניט געאַרבעט. בײַ וואַסילקען האָבן אָנגעהויבן דערשראָקן אומלויפן די אויגן. איז ער אָפּגעגאַנגען צום צווייטן האַרמאַט און, ווי פאַרענטפערנדיק זיך, א בורטשע געטאָן:

— נאָט אײַך דערפאַר, איר זאָלט ניט שיסן אפן טאַטן! איך וועל יענעם האַרמאַט אויך צעשעדיקן. איך וועל אים אזוי פאַרשטאָפּן, אז די קויל וועט ניט ארויסקריכן.

די סאָלדאַטן האָבן זיך נאָך אַלץ באַהאַלטן אינעם שאָטן. פון די האָ־ריזאָנטן, הינטער א גרויס שוץ־ווענטל, וואָס איז ווי א פאַרטעך געהאַנגען הינטער דעם האַרמאַט, און וואַסילקען האָט מען ניט ארויסגעזען. ער האָט געפונען א גרויסע שטיק ערד, אביסל אונטערגעשפּרונגען און אַרײַנגע־וואָרפן אין דער פינצטערער לאָך פון האַרמאַט. פונעם קלאַפּ האָט זיך די זאַמדיקע שטיק ערד אויסגעשאָטן פונקט אין דערמיט פונעם האַרמאַט. וואַסילקע האָט געפונען נאָך אזאַ שטיק ערד און ווידער אַרײַנגעוואָרפן. די צווייטע שטיק ערד האָט זיך אויך צעשאָטן אין דער סאַמע מיט פון האַר־מאַט. וואַסילקע האָט געוואָלט אַרײַנוואַרפן נאָך א דריטע שטיק, נאָר פון די קוסטעס האָט זיך ווידער דערהערט א קאָמאַנדע:

— באַטאַרייע, צום שלאַכט! די רויטע גרײַפן אָן אפן טײַך־איבערגאַנג!

פון הינטערן טײַך האָט א הילך געטאָן א געדיכטע שיסערײַ. בײַ דער באַטאַרייע איז געוואָרן נאָך א גרעסערער טומל ווי פריִער. וואַסילקע האָט דערפילט, אַז ער האָט דאָ אָנגעמאַכט צאָרעס, האָט ער זיך שוין מער ניט באַוויזן די סאָלדאַטן אפ די אויגן. ער איז ווײַט אוועק פון די האַר־מאַטן און, פונקט ווי שאַריק, נאָר ארויסגעשטעקט פון די קוסטעס דעם בלאָנדן קאָפּ.

— גיכער, וואָס קלײַבט איר זיך אזוי לאַנג! — האָט געשריגן דער אָפיצער מיטן בינאָקל אין דער האַנט. דער צווייטער האַרמאַט איז שוין געווען אָנגעלאָדן צום שיסן און האָט געוואַרט אפ א קאָמאַנדע. נאָר נעבן דעם ערשטן האַרמאַט האָט זיך ווירקלעך עפּעס געטראָפן. דער סאָלדאַט האָט בעשומויפן ניט געקאָנט פאַרמאַכן דעם שלאָס אפ צו פאַרשטעקן דעם לאָך.

— עמעצער האָט אָפּגעריסן דאָס ציינדל. הער פּאָרוטשיק! — האָט ער

דערשראָקן א געשריי געטאָן. נאָר פון די קוסטעס האט אומגעדולדיק זיך געהערט א קאָמאַנדע:

— גיכער שיסט, די רויטע דערנעענטערן זיך!

דאַן האט דער אָפיצער הויך א קאָמאַנדעווע געטאָן:

— צווייטער הארמאַט, פייער!

דער סאָלדאַט האט א צי געטאָן פארן שנור. עס האט א בליץ געטאָן א רויטער פלאַם, עס האט א הודע געטאָן די ערד און עפעס האט פאר־טויבנדיק זיך צעפּייַפט אין אלע זייַטן.

ווען עס האט זיך צעזייט דער רויך, האט וואַסילקע דערזען, אז פונעם צווייטן האַרמאַט איז נאָר געבליבן א העלפט. די גאַנצע פאָדערשטע זייַט ביזן ווענטל האט זיך צעריסן אפ קלייַנע שטיקלעך און צעטראָגן זיך אין אַלע זייַטן.

ביידע האַרמאַטן האבן שוין ניט געקאָנט שיסן.

— ווער האט עס אונדז אָפגעטאָן? — האט בייז א פרעג געטאָן דער אָפיצער מיט די גאָלדענע פּאָגאָנעס. ער איז בלייך געוואָרן, אָנגעהויבן טופּען מיט די פיס און א געשריי געטאָן: — ווער האט דאס געטאָן?

— עפשער דאס ייִנגל? — האט א בורטשע געטאָן דער סאָלדאט פונעם צווייטן האַרמאַט, בּאַ וועלכן שאַריק האט אופגעגעסן דאס שמירעכץ.

— ווו איז ער, דאס פארשאָלטענע ייִנגל? געפינט אים!

— עפשער איז ער ניט פון דעם כוטער?

וואַסילקע האט ניט געוואַרט ביז מע וועט אים געפינען. ער האט זיך פּאַמעלעך ארויסגעגאַנוועט פון די קוסטעס און איז אַרייַנגעקראָכן אין דער קארטאָפל־היטשקע און אפן בויך ארויסגעקראָכן פונעם גאָרטן. ערגעץ פון א זייַט האט זיך אויך ארויסגעראַטשקעוועט שאַריק און פריי־דיק אים א לעק געטאָן אין דער נאָז.

— איך האב אָבער געזאָגט, אז איך וועל זיי אָנטאָן צאָרעס, זיי זאָלן ניט שיסן אפ מייַן טאַטן, — האָט וואַסילקע פריידיק א שעפּטשע געטאָן צום הינטל — דו האָסט נאָר אופגעגעסן זייער שמירעכץ און איך האב זיי גאַנצע צווי האַרמאַטן צעבראָכן.

הינטערן גאָרטן איז געשטאַנען א צווייטע סקירדע שטרוי. וואַסילקע מיט שאריקן זייַנען געוועזן זיכער, אז זיי זייַנען שוין ווייַט אנטלאָפן און האבן זיך צוגעזעצט אָפּרוען אונטער א לייטער, וואס איז געשטאַנען נעבן דער סקירדע. פון הינטערן טייַך האָט זיך דערהערט א ווילדע שיסערייַ, און הינטערן כוטער האבן נאָך אַלץ געדונערט די אופרייַסן. וואַסילקע

האט זיך דערמאָנט, אז ער דאַרף לויפן צו די רויטע אָנזאָגן זיי, ווו עס שטייען די האַרמאַטן פון די ווײַסע. נאָר ווו ס׳געפינען זיך איצט די רויטע, האבן וואַסילקען געשטערט צו זען די הויכעביימער.

— ווען איך זאָל האבן אזעלכע גלעזלעך, ווי בײַם אָפיצער, וואָלט איך זיי דערזען, און דו וואָלסט אויך אַ קוק געטאָן, — האט ער אַ זאָג געטאָן צום הינטל.

יענץ האט מיטפּילנדיק אָנגעהויבן דרייען מיטן וויידל און איז אָפּגעלאָפן צו דער קופּע אש, אופצוהייבן אַ פּיסל איבער דער האָלע־ וועשקע. וואסילקע האט זיך צעבייזערט אפ שאַריקן, פּארוואָס קריכט ער ארויס פון זײַן אָרט, און דאָרט, ווו דאס הינטל האט אָנגענעצט, האט ער דערזען אַ צעבראָכן שטיקל גלאָז פון אַ פענצטער. גלויבנדיק, אז אויך דורך דעם שטיקעלע גלאָז קאָן ער זען אזוי ווײַט, ווי דורכן אָפיצערישן בינאָקל, האט ער אָפּגעווישט דאס שטיקל גלאָז אין די הויזן און צוגע־ לייגט צום אויג. נאָר פון דער ערד האָט מען איבער די ביימער דורכן שטיקל גלאָז גאָרנישט ניט געקאָנט זען. ער האט פאַרהויבן דעם קאָפּ, באַקוקט מיט איין בליק די סקירדע, זיך דערמאָנט, אז אפ דער צווייטער סקירדע איז געזעסן מיט אזעלכע גלעזלעך אַ סאָלדאט, און איז גיך ארופּ־ געלאָפן אפן לייטער. דער אונטן־פאַרבליבענער שאַריק האט אָנגעהויבן שפּרינגען נעבן לייטער און טרויעריק צו וואָיען.

פון דער שטרוי האט מען אין ביידע זײַטן געזען אַ טײַכל, הינטערן טײַכל זיינען געשטאַנען כאטעס, אנטקעגן דאָרף איז איבערן וואַסער גע־ האַנגען אַ בריק. נעבן בריק האבן געדיכט געווימלט מענטשן. עס האבן דאָרט געפינקלט פײַערלעך, עס האט זיך געהויבן אַ רויך, און דער שטויב האט זיך געהויבן, ווי אַ הויכער זײַל. וואסילקע האָט געזען, אז אויך פון דער צווייטער זײַט כוטער האט נאָך יעדן קלאַפּ אופגעריסן אַסאַך ערד און לאַנג איז איבער יענעם אָרט געהאַנגען, ווי אַ וואָלקן, דער שטויב; קעדיי נאָך בעסער זיך צוקוקן, האט וואַסילקע צוגעלייגט צו די אויגן דאָס שערבל פונעם גלאָז. די זון האט אים געשײַנט גלײַך אין פּאָנעם, און דאָס שטיקל גלאָז האט אַ גלאַנץ געטאָן אין וואסילקעס הענט. אפ דעם האבן נאָר געוואַרט די רויטע. זיי האָבן געמיינט, ווײַזט אויס, אז דאס האט אַ בלישטשע געטאָן אַ בינאָקל בײַם קאָמאַנדיר פון דער באַטאַרייע, וועלכע זיי האבן אלץ ניט געקאָנט אָנטאַפּן. און ווען עס האט הינטערן טײַך ווידעראַמאָל אַ קנאַל געטאָן איין מאָל און אַ צווייט מאָל, האט וואַ־ סילקע נאָכדעם דערהערט, ווי עפּעס האט זיך געטראָגן אינדערױפטן ניט

הינטערן כוטער, נאָר גלײַך אַף אים. דאָס האָט געהודזשעט און געגרעוועט אזוי, אז בא וואסילקען איז פון שרעק ארויסגעפאַלן דאָס שטיקל גלאָז פון די הענט און עס האָט ווידער שאַרף א בלישטשע געטאָן קעגן דער זון. אים אליין האָט, ווי א שטאַרקער ווינט, א קלאַפּ געטאָן אין ברוסט און ער האָט א פאַל געטאָן אַף דער פּלייצע. אונטן, הינטער די ווײַנשל־ביימער, ווו עס זײַנען געשטאַנען די פערד פון דער באַטאַרייע, האָבן זיך די קוילן אָנגעשלאָגן אין דער ערד און האָבן אונטערגעוואָרפן אינדער־הויך סײַ די פערד און סײַ די מענטשן. וואַסילקע האָט געהערט, ווי דאָרט האָט מען אָנגעהויבן שרײַען. שאַריק האָט א וואָיע געטאָן, און קעדיי א קוק טאָן, וואָס האָט זיך געטראָפן מיטן הינטל, האָט ער זיך ווידער אופ־געהויבן אַף דער סקירדע. פון דער באַטאַרייע איז צו די פערד געלאָפן דורכן גאָרטן דער דערשראָקענער אָפיצער מיטן בינאָקל. שאַריק איז געזעסן נעבן דעם לייטער און, פאַרײַסנדיק די מאָרדע צו דער סקירדע, האָט ער טרויעריק געבילט. דער אָפיצער האָט אויך א בליק געטאָן אַף דער שטרוי און האָט אַף דער סקירדע דערזען וואַסילקען.

דאָס שטיקל גלאָז האָט ווידעראַמאָל א גלאַנץ געטאָן אין וואַסילקעס הענט. דער אָפיצער האָט זיך פון פאַרוווּנדערונג אזש אָפּגעשטעלט.

— א,— א, אָט ווער דו ביסט! דו גיסט סיגנאַלן! העלפסט די באָלשע־וויקעס!

דער אפיצער האָט ארויסגענומען פון דער קאַבורע דעם רעוואָלווער און צוגעלאָפן צום לייטער. שאַריק האָט זיך א וואָרף געטאָן אנטקעגן דעם אָפיצער און אָנגעהויבן אים כאַפּן פאַר די פיס. וואַסילקע האָט פריער ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס שרײַט אונטן דער אָפיצער אין די גאָלדענע פּאַגאָנעס, נאָר דערנאָך ערשט האָט ער פאַרשטאַנען, אז דאָס זוכט מען אים און ער האָט געוואָלט אנטלויפן, אַראָפּלאָזנדיק זיך דורכן לייטער־נאָר אפן זעלבן לייטער איז צו אים געקראָכן אַף ארוף דער אפיצער. דאן האָט ער זיך געלאָזט דורך אן אנדער אָרט. די סקירדע איז געווען א הויכע, און וואַסילקע וואָלט דערהאַרגעט געוואָרן, ווען ער שפּרינגט אַראָפּ. ער האָט זיך גיך אויסגעגראָבן אין דער סקירדע א נעסט און זיך אין איר ארײַנגעזעצט טיף, מיינענדיק, אז איצט וועט אים שוין זײַן שווער צו געפינען. ווען עס האָט זיך אָבער איבער דער סקירדע באַוויזן דער קאָפּ פונעם אָפיצער, האָט ער זיך ניט אײַנגעהאַלטן און מיט אַלע קויכעס א געשריי געטאָן: „מאַמע", א געשריי געטאָן אזוי שרעקלעך, אז דער אָפיצער האָט זיך אזש דערשראָקן. פונקט אין דער רעגע האָט

איבער זייערע קעפּ ווידער זיך צערעוועט קוילן. די סקירדע איז אויך אונטערגעשפּרונגען אינדערלופטן און עס האָט זי אַזוי שטאַרק אַ שלײַדער געטאָן אינדערהויך, אַז וואַסילקע האָט אַ פאַל געטאָן מיטן קאָפּ אַראָפּ.

די רויטע האָבן איצט געוווּסט, ווו סע זיצט דער סוינע. זיי האָבן ניט אופגעהערט צו שיסן אויך דאַן, ווען וואַסילקע איז שוין אָפּ דער סקירדע ניט געווען. גרויסע האַרמאַטן־קוילן האָבן בײַז אופגעריסן די ביימער, געבראָכן דעם גאָרטן, צעוואָרפן דעם פּאַרקן און דעם גאַנצן כוטער באַדעקט מיט שטויב און מיט רויך. שוין גאָר נאָענט נעבן כוטער האָט מען געשאָסן מיט קליינע קוילן. די דערשראָקענע ווײַסע סאָלדאַטן האָבן אַפילע ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן. זיי האָבן צעטומלט זיך צעשאָטן אָפּ פערד און צופוס. אינגיכן זײַנען אָפּ דעם אָרט, ווו עס זײַנען געשטאַנען די האַרמאַטן, אַרויסגעשפּרונגען אַ כאָפּטע סאָלדאַטן מיט שטערנדלעך אָפּ די היטלען. פונפאָרנט איז געלאָפן אָן אַ היטל מיט אַ ביקס אין דער האַנט וואַסילקעס טאַטע. זײַן קאָפּ איז געווען פאַרוויקלט מיט ווײַסע באַנדאַזשן, דורך וועלכע עס האָט איבערן אויער געראָנען בלוט.

די רויטאַרמייער, דערזעענדיק די האַרמאַטן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אַפילע געוואָלט זיך אַ לאָז טאָן צוריק אין די קוסטעס. ביידע האַרמאַטן האָבן געקוקט גלײַך אָפּ זיי, און ווען זיי וואָלטן געווען אויסשיסן, וואָלט זיך איצטער קיינער ניט געקאָנט ראַטעווען. נאָר די האַרמאַטן האָבן געשוויגן. וואַסילקעס טאַטע, — כאָטש ער האָט געקוקט מיט איין אויג, דאָך האָט ער באַמערקט, אַז דער נאָענטסטער האַרמאַט איז צעריסן.

— זיי זײַנען צעשעדיקט, האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן.

דאַן זײַנען די רויטאַרמייער דרייסט אַרויסגעלאָפן אָפּן פעלד.

— דאָס האָט זיי אונדזער באַטאַרייע אַזוי צעמאַזיקט,— האָט אַ זאָג געטאָן אַ צווייטער רויטאַרמייער.

אַרום האָט זיך געוואָלגערט געווער, קעסטלעך, בּרעזענטענע לײַלעכער, טעלעפאָן־אַפּאַראַטן און גאָר ניטוויַיט נעבן די ווײַנשל־ביימער— דערהאַרגעטע פערד.

— אָט פאַרוואָס זיי האָבן ניט געקאָנט אַרויספירן די האַרמאַטן.

וואַסילקעס טאַטע איז פון אַלע זײַטן אַרומגעגאַנגען דאָס קליינע שטיקל פעלד, אופמערקזאַם זיך אַרומגעקוקט און אַ זאָג געטאָן:

— עפּעס האָט זיך מיט זיי געטראָפן. אונדזערע קוילן האָבן אַסאַך ווייַטער געטראָפן, נעבן די שטרוי.

— עפּשער האָט עמעצער זיי עפּעס אָפּגעטאָן? זע נאָר, אָט פון דעם האַרמאַט איז אָפּגעקלאַפּט א צײַנדל.

— ווען ניט דאָס, וואָלטן מיר דאָך ביז איצטער ניט איבערגעגאַנגען דאָס טײַכל.

— מאַמע׳ש אָטעמען ניט געלאָזט, פאַרשאָלטענע...

וואַסילקעס טאַטע האָט זיך פאַרטראַכט:

— ווער זשע האָט עס אונדז געהאָלפן? — האָט ער א פרעג געטאָן בא די כאַווײרים.

— מיסטאָמע עפּעס א רויטער פּאַרטיזאַן.

— עפּשער זײַנען פערד אויך פאַרבליבן?

— אַנו, זוך נאָר אויפמערקזאַמער!

די רויטאַרמייער האָבן זיך פּאָרזיכטיק א לאָז געטאָן דורכן גאָרטן צו די ווײַנשל־ביימער.

מע האָט ארומגעקוקט יעדן קוסט, יעדן בוים. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטרוי, איז זיי אנטקעגן שנעל ארויסגעלאָפן שאַריק ווי א דולער האָט ער אָנגעהויבן שפּרינגען אף וואַסילקעס טאַטע, אים א. לעק געטאָן די האַנט און זיך טרויעריק צעווײנט.

— ווי קומסטו עס אהער, שאַריק? — האָט זיך פאַרוואונדערט וואַסילקעס טאַטע.

— ס׳איז דאָך מײַן הונט! — האָט ער געזאָגט צו די כאַווײרים.

— מיסטאָמע איז דאָ עמעצער פאַראַן פון די היימישע.

דער פאָטער האָט אָנגעהויבן אומרויִק ווערן.

— שאַריק, דו ביסט דאָ אליין?

דאָס הינטל האָט ווידער אָנגעהויבן בילן און אוועקגעלאָפן צו דער שטרוי. נאָך אים זײַנען אויך נאָכגעלאָפן די רויטאַרמייער. שאַריק האָט שטאַרק צעטראָגן אָנגעהויבן צוצעשאַרן די שטרוי און, ארומקוקנדיק זיך אף די רויטאַרמייער, פילדײַטיק אָנגעהויבן בילן. די רויטאַרמייער האָבן אויך אָנגעהויבן צעשאַרן די שטרוי.

— זע נאָר, עפּעס א ייִנגעלע! — האָט פּלוצים ארויסגעשריגן איינער פון די רויטאַרמייער.

אונטער דער שטרוי איז זייער א בלייכער, אזש א געלזיכטיקער געלעגן וואַסילקע. זײַן פּאָטער האט א פּאַל געטאָן אפ די קני און אופגעהויבן וואַסילקען אפ די הענט.

— זונעלע, פונוואַנען, ווי קומסטו אהער? — האָט ער דערשראָקן א זאָג געטאָן. — מע האט דיך דערהאַרגעט? עפשער האָט מען דײַן מאַמען אויך דערהאַרגעט?..

— ער אָטעמט נאָך! — האט א זאָג געטאָן א צווייטער רויטאַרמייער.

קעדיי עס זאָל אים זײַן גרינגער צו אָטעמען, האט דער פּאָטער וואַסילקען צעשפּיליעט דעם קאָלנער פון דער בלוזע און די הויזלעך, פון אונטערן פּאַסיקל איז ארויסגעפאַלן דאָס צעשאָסענע היטל. ס'איז ניט שווער געווען עס צו דערקענען, און דער פּאָטער האט מיט דעם אָפּגעווישט זײַנע פלוצים־רויטגעוואָרענע אויגן.

— מיסטאָמע זײַן פּאָטער געזוכט, אך, אן אומגליק! מיט וואָס האט מען עס דיך אזוי צענעריקט, וואַסילקע מײַנער?

א צווייטער רויטאַרמייער האט צוגעלייגט צו וואַסילקעס ברוסט א פאַרשטויבטן אויער, דערהערט, ווי סע שלאָגט דאָס קליינע האַרץ און זיך צעשמייכלט:

— דערדאָזיקער פּאַרטיזאַן וועט בלײַבן לעבן! ער איז אביסל קאָנטוזשעט, א קויל האט אים, ווײַזט אויס, א זעץ געטאָן. טראָג אים אפן וואָגן!

— וואַסילקע האט, ליגנדיק אפן פּאָטערס הענט, געעפנט די אויגן. דעם פארבאנדאזשעוועטן פּאָטער האט ער ניט דערקענט. אָבער אפ דעם היטל פונעם רויטארמייער האט ער דערזען א שטערנדל און מיט א דין קעלעכל א זאָג געטאָן:

— דאָרט זײַנען צוויי האַרמאַטן פון די ווײַסע... איך וועל לויפן דערציילן דעם טאַטן... און ער איז אנטשוויגן געוואָרן.

דער פּאָטער האט צוגעדריקט דאָס מאָגערע קערפּערל צו זײַן ברייטער ברוסט.

— זיי זײַנען שוין פאַר אונדז ניט שרעקלעך, זונעלע, דידאָזיקע האַרמאַטן. עפּעס איינער א ווילער יאַט האט זיי צעשעדיקט...

וואַסילקע האט ווידעראַמאָל פאַרמאַכט די אויגן און אנטשוויגן געוואָרן.

שאַריק האט די גאַנצע צײַט אונטערגעוואָיעט באַדערזײַט. אונ ווענ וואַסילקע האָט אָנגעהויבנ ריידנ, איז ער אימ דורכגעקראָכנ צווישנ די פיס, א לעק געטאָנ אינ באַק אונ זיכ געזעצט נעבנ אימ. אינ די קאַרעלנ פונ שאַריקס אויגנ האבנ געגלאַנצט טרערנ.



